יאסיף אוטקין

# א מעשהלע מיטן געלן מאטעלע

## הער אינספעקטאר, רבי ישעיה און קאמיסאר בלאך

אידיש מ. קיטאי

פארלאג „אונזער צוקונפט" ריגע.

יאָסיף אוטקין

ריגא, 30/XI

מ. קיטאי

# א מעשהלע מיטן געלן מאטעלע

## הער אינספעקטאר, רבי ישעיה און קאמיסאר בלאך

אידיש מ. קיטאי

פארלאג "אונזער צוקונפט" ריגע.

דעם ליכטיקן אנדיינק פון
וויאַטשעסלאַוו פּאַוולאָוויטש אוּספּענסקי
דער איבערזעצער

## ביז אָן־אַ קייסער און א ביסעלע שפּעטער

ס'האבן ײדע און טאטע געארבעט,
איז מיט וואס איז ער בעסער פון זײ?
אויך דער קלײנער געלער מאטעלע
געארבעט
האט פאר צווײ.

וואס ר'האט געוואלט, ט'ער ניט באקומען
(נאר זײנע חלומות גײען מיט אים).
געוואלט האט ער לערנען אין חדר,
האט מען געמאכט אים
פאר א שנײדער.

איז וואס־זשע? זאל ער װײנען?
— ניט, איז ניט.

האט ער געלײגט א צענדליק לאטעס
אף אײן זשילעט
און. . .

(געװען איז דאס, אמת, אמאל,
נאר אויך ס'אמאליקע
װעסט ניט פארשװײגן)
אין די פרײטיקס
האט מאטעלע געדאװנט
און אין די שבתים
געגעסן פיש.

## געוועז א מאָל.

ווִיפֿיל הייזער דורכגעגאַנגען,
אַזוי פֿיל לענדער דורכגעגאַנגען,
יעדער הויז איז זיין היימלאַנד,
זיין אַקעאַן.

און אונטער יעדן שוואַכן דעכל,
ווי ס'איז ניט שוואַך —
פֿאַראַן זיין גליק,
זיינע מייזלעך,
זיין שיקזאַל.

און זעלטן, זייער זעלטן,
צוויי מייזלעך אויף איין שפּאַלט,
אַט מאַטעלע פֿאַריכט זשילעטקעס,
און דער אינספּעקטאָר
טראָגט א פּאַרטפֿעל.

און א יעדער אין שטאָט ווייס
דעם שניידערס נויט,
און דער אינספּעקטאָר האָט
א שיינע באָרד
און א שיינע
ווייב.

פארשיידן רויכערט זיך דאס גליק,
פארשיידן — אף פארשיידענע ערטער:
חלומט מאטעלע וועגן א הינדל,
און דער אינספעקטאר
די הינדל עסט.

ס'גליק איז שפּילעוודיק!
ווארט און כאפּט.
ליבּט מאטעלע רבקהן,
נאר . . . רבקהס
טאטע איז א רב.

און דער רב רעט אפּטערס
און תמיד דאס אייגענע:
— זי דארף
א גרויסן גליק
און א גרויסע
הויז.

ס'איז ווייניק, וואס הארץ בּרומט,
בּרומט, ווי א פאראוואז.
אויב מאטעלע האט עפּעס גרויסעס,
איז דאס נאר זיין
נאז.

נ.ב. איז וואס־זשע? דארף מען וויינען?
— ניט, איז ניט.

און ער האט געלייגט לאטעס
אי אף די הויזן,
אי אפן זשילעט.

. . . . . . . . . . .

יא, אונטער יעדן שוואכינקן דעכל,
ווי שוואך ס׳זאל ניט זיין, —
פאראן זיין גליק, זיינע מיִז,
זיין אייגענער
שיקזאל.

און וויפיל ס׳לעבן איז ניט פארעקשנט,
ווייניקער, ווי ווייניק קען ער ניט געבן,
אויך מאטעלע האט געהאט א מאמען —
א אידישע אלטע מוטער.

ווי בא אלעמען, פארשטייט זיך, א ליבע,
ע־ע־ע. . . וועגן דעם רעט מען ניט. . .
זי האט גוט געקאכט צימעס
און גוט
געבארן קינדער.

און ער געדיינקט: א יאריקן
און האלב־יאריקע. . .

נאר מאטעלע האט געלעבט אין קישיניאוו,
וואו ס'פאראן א סך גאראדאוויעס,
וואו תפילות א סך ט'מען געזונגען
לכבוד דעם קייסערס משפחה,
וואו ס'האט געלעבט דער הער אינספעקטאר
מיטן שיינעם בארד...

שווער צו זאגן וועגן תהום
ווען דער תהום שטייט
באם מויל:
סך-הכל
צוויי
פאגראמען
און מאטעלע איז געווארן
א יתום.

איז וואס זשע? דארף מען וויינען?
— נים, איז נים!!
און ער האט געלייגט די לאטע
אנשטאט אף די הויזן —
אפן זשילעט.

.........................
און די טעג האט עמיצער געפירט און געפירט,
אויף אין הימל,
אן א טאלק,
זיינען געהאנגען קנעפלעך שטערן
און א לבנהדיקע
יארמאלקע.

און אין שלאפעדיקער קארגער שטילקייט
האבן מייזלעך געשראקן מיט א סקריפ.
און עמיצער האט
גענייט
פאר עמיצן
תכריכים.

„שייך" און „ניט־שייך"

אט דער טאג איז געווען אזא נייער.
א יונגער ווי דער מארגנשטערן!
ס'ערשטע מאל אין קישיניאוו
האט'ן געזונגען ניט פון קייסערס וועגן.

א זעלבע טעג זיינען ניט קיין סך.
און ווי יענער — איינער!
דאמאלסט איז אין שול ניט געקומען
דער הער רב!

חויזן!
זשילעטן!
לאבט!
פרייט זיך מיט מיין טאג!
דער הער פאליצמייסטער
האט זיך געזעצט
אין טורמע!

דאס איז דאך זייער און זייער!
גאט דו מיינער!

נאר פארוואס לאכט נים
דער גאספאדין
גאראדאוואי?

א זעלטענעם קלוגן ווארט
האט געזאגט דער שוסטער עליע:
— מאטעלע, דא איז נים שייך גאט.
נאר ס'איז שייך דו
און איך.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
און די טעג האבן זיך צופלאפלט:
ווי די הענדלערקע טעד.
און אידן האבן זיך געוווכוחט:
„יא" אדער „נים"?

גלויבן און ספקות.
פריידן און זארג.
„נים", געוויס. לעניגען;
טראצקין —
„יא".

אזוי האט מען א סך אנטדעקט
קלוגע רייד.
געווארן איז א שולכל
א יעדער קאפ.

מיטן פארגאנגענעם ווייניק אינם איצטיקן:
נאר ווי און אך.
„ניט" —
האט ארויסגעבאשלאסן דער אינספעקטאר;
„יא" —
האט דער שניידער געזאגט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
און די טעג האט עמיצער געפירט און געפירט
אויף און הימל.
און א טאלק
געהאנגען קנעפלער־שטערן
און א לבנהדיקע
יארמאלקע.

און אין שלאפעדיקער קארגער שטילקייט
האט א הינט א בליטשיק־מויליקער געפילט.
און עמיצער
האט שטארק
גענייט
תכריכים
פאר ניקאלאיען.

אט דער טאג איז געווען אזא נייער,
א יונגער ווי דער מארגנשטערן.
דעם ערשטן מאל האט מען אין קישינאוו
געזונגען
ניט פארן קיסערס וועגן.

—

צווייטער קאפּיטל

# קישיניאווער ניסים.

## ערשטער נס

מעד
אפן מארק
איז אופגערעגט.
און נים נאר מעד
דער גאנצער
ריי:
אפן וואקזאל
דורך דער גאס
געגאנגען איז
אן אטריאד.
נאר נים לשם דעם זיינען
די ראוית.
דער עיקר (פגרן זאל ער!)
אינם אטריאד
מים א מגן־דוד איז
מאסקע
בלאך?!

גיים דורך דער הויפט־גאס,
ווי א גענעראל איפן פאראד. . .

און מעד אפן מארק איז אופגערעגט.
און אופגערעגט איז דער גאנצער ריי.

## צוויטער גאַנג

יעדערער, אַ דאַנק גאָט, האָט
מיט וועלכן אַרשין זאָלסט ניט מעסטן,
אַ באַזונדערן וועג
אַ באַזונדערע טיר.

אויך אַזוי זיך, צו ביסלעך
אין שטורם, אין שניי
גייען מיט באַזונדערע וועגן
מענטשן אַ גאַנצן דור.

אַ פרײדיקער וועג ניט פאַר אַ סך,
ניט פאַר אַלעמען (ווי קאָמפּאַט):
אַ טייל צעברעכט זיך די פיס
אַנדערע —
פאַרקערט.

. . . . . . . . . . . . . . . .

ווינט פאַסקודעט אינם געגנט
פאַרטאָפּלט ער דעם רב, זיין פּיין,
און דער תורה איז דער רב מתפּלל
אָן ענטפער זוכט ער אין איר.

ער צופּט די געלע בריגעס
פון אָפּגעבלייכטן טלית:

— ווי לאנג נאך דארף מעןווארטן?
און ווען וועט שוין נעמען א סוף!

שמויסן זיך שאטנס פון די ליכטער.
מיטנע וואקסן זיי, פארקילן,
און ס׳דוכט זיך, אז אן ארון
איז דער צימער איבערן רב.

ס׳איז דאך באמת א שטראף!
האט איר געהערט:
חיים בער
וויל קיין ברית ניט מאכן
בא זיין קינד!...

דאס ערשטע מאל אין קישיניאוו.
וואס ר׳האט דאס פארטראכט, דער הינטישער זין?
ער זאגט: גענוג שוין בלוט,
חשובער רב..

. . . . . . . . . . . . . . . . .
א סך וועגן, א סך!
פונקט אזוי פיל, וויפיל אויגן,
און פון אונז ביז גאט,
ווי פון גאט
ביז אונז.

נאָך ייעגן ערשטן ייאוגדער.

און וואוהין אײלן זיי זיך
אט די מאדנע שעהן?
א, ווי ס'הארן קלאפט אין זיי
א. ווי קרים זייערע יאנבן!
שא!
מ'יאגט זיך דאך נים נאך אייך?
איז א ביסעמשקע צריק.
און די שעהן פארים, ווי די רייטער.
זיי פליען, פליען, פליען...

.....................
און אמשערעד
מענטשן
אבטשענען,
אבטשענען און שטיפן זיך:
— פארוואס
גים מען נים
קיין צוקער?
— צוקער פארוואס גים מען נים?

— ווייזט אים
ארויסגעבן
איז ער פויל.
— שווער איז אים א שעה ארבעטן.

אף לײנען אזא לעבן,
אזא שײנער.
ײ בא אונז!
— וואס שטײט איר
שרה?
וואס קאן געבן
א בלינדער,
בעת
דער קאמיסאר
איז עפעס
א שנײדערל?
זאל ער פאריבטן
די העמד.
און ער איז א קאמיסאר גאר
דא. . .

און אטשערעד מענטשן אבטשענען
אבטשענען און שטופן זיך.

דער דריטער ״אונדער

אט די טעג זײנען געוואלטיק קליגע,
צדיקים, ניט קײן טעג!
האבן זײ גאלדענע לאקן
און זילבער פארוואנדלט.

נײסן יעדן חודש!
א שפאס צו זאגן:

דעם אינספעקטארס ווייב וועגט
שוין ניט זיבן,
נאר פינף!

און מאטעלע —
איך לאכט ניט,
שוין אויך ניט קיין שפאס:
האט אפגעגאלט די פאות
איסגעטאן דעם לאפסערדאק.

מאטעלע זיך אינגאנצן איבערגעביטן
(האט פארזוכט א בעסערע זיפ!)
מאטעלע קוקט
„אין תוך"?
און רעט —
צום עיקר?

ניסן יעדן חודש!
א שפאס צו זאגן:
דעם אינספעקטארס ווייב וועגט
שוין ניט זיבן,
נאר פינף!
און דאס נעזל במעט אן פודער,
און די אויגעלעך ניט קיין פייער...

אט די טעג זיינען געוואלטיק קלוגע —
צדיקים, ניט קיין טעג.
.........................

א סך ווענן, א סך!
און עס פעלן ווענן
און אויב דא איז —
„דאנקען גאט",
איז דארטן ערגעץ
„א, גאט באהיט".

### א ניט־וואונדערדיקער וואונדער.

שטיל געווארן איז דער ווינט,
זיך צוהערנדיק שטיל געווארן.
דער אינספעקטאר איז מתפלל ניט פאר זיך,
דער אינספעקטאר איז מתפלל
פאר אנדערן.
שטים פון תפילה איז א גלייבער.
דעם ווארט פארבייט א קרעכץ:
— גיב גאט
דער ווייב געזונט
גיב גאט
א קריינק בלאבן. . .
גיב גאט אי יענס, אי דאס
א סך גיב גאט, פארשטענדלעך:
גיב גאט א פייער אף די סאוועטן,
און דר'ערד די דעפוטאטן. . .
גיב דעם זומער אנשטאט ווינטער.
גלייך אויס דאס, וואס פארבויגן. . .
גיב גאט אי דאס, אי יענס,
א סך גיב גאט, פארשטייט זיך.

א ייאָנדער נים פֿון קישיניאָוער באַסטאַב.

צופֿיל טומלדיק און צופֿיל גיך
איז דער גוואַלד פֿון די דאָזיקע טעג.
ווייזט אויס, נים געוואוסט האָט דאָס די תּורה
אויך דער רב, ווייזט אויס, נים געוואוסט.

ווער וואַלט עס געטראַכט, ווער וואַלט געגלייבט,
ווער האָט דאָס גאָר גלויבן געקענט?
צופֿלאָנטערט זיך מייז, צופֿלאָנטערט זיך טירן,
צופֿלאָנטערט די פֿעדים פֿון וועגן.

אין הונדערטסטן דור
און פֿאַרשטייט זיך, נים אַפּטערס
(דאָס האָט קיינער נאָך געזען):
אַף שניידערשן אופֿן באַשיידן דאָס גליק
און, ווי דאָס גליק,
נים באַשיידן דער שניידער!

צי געטראַכט האָט אינספּעקטאָר באַבראָוו,
אַז ווען נים איז גאָר אַן פּאָגראָמען
משפּחה זיין וועט זיך קישיניאָוו?

ווער וואַלט געטראַכט, ווער וואַלט געגלייבט
ווער וואַלט דאָס גלויבן געקאָנט? . . .
פֿאַרפֿלאָנטערט זיך מייז, פֿאַרפֿלאָנטערט זיך טירן,
פֿאַרפֿלאָנטערט זיך פֿעדים פֿון וועגן.

דריטער קאפיטל

# א נייע צייט — נייע לידער

## בית־מדרשים

אין בית־מדרש
א טיכל רעש
א רעש און טיכל.
אלע אידן און די יינגלעך:
„שא"
„שה".
ס'טרעט אריין
די אברהם.
אין שול
א רעש און טיכל,
געוואלד!

. . . . . . . . . . . . . . .
די אברהם האט געזאגט:
גאט מיינער!
די אידן האבן געזאגט:
אן אומגליק.
די אברהם האט געזאגט:
דערלעבט!
די אידן האבן געזאגט:
יא.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
און דער רב איז געזעסן, געקרעכצט.
שטיל, באשיידן,
נאכדעם האט ער געזאגט:
— שלעכט!
געזאגט און דערמאנט
בלאבן.

כמעט א חתינדריקס

ס׳חלומט דעם שוואן זיך אין הארבסטן
גרינע אזערדיקע ערטער.
דער וואס האט פארזוכט שוין הינדליך
וועט קיין פלייש ניט עסן.

דער קלוגער רב ישעיה!
אזוי קלוג! אזוי קלוג!
ווייס כמעט אף אויסנווייניק
דעם גאנצן ש״ס.

נאר זעט דאך אים שלעכט -
א העכט אפן זאמד . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
— כ׳דארף צום קאמיסאר בלאך . .
האט מען אים געפירט.

מען דארף זיך ערגעץ־וואו לאזן
צום טיול: צו די היפלען!...

— כ'האב צו אייך א קליינעם ענין
הבר קאמיסאר.
א יעדע, יעדער איד
דארף האבן טעכטער
און יעדער, יעדער איד
דארף זיי וואס גיכער
גיכער איסברייגגען...

איך זייט א שיינער מאנספיל.
מירן זאגן: אן איידעם.
מא פארוואס זאלט איר מיין רבקהן
נים נעמען פאר א ווייב?

א מאמע דארף נים לויבן,
נאר, חלילה קיינעם נים באריידן
וועל איך זאגן:
אז מיין מיידל —
א מיידל איז ביז אינצט.

ווייסע ווייסע סאזשע!
א מאיסקער פרעסטל!
דעם רב ווייזט זיך שוין איינ
אז בא בלאבן...
קירצער איז די נאז.

„ליד פון לייפעדיקע ענינים"

און וואוהין איילן זיי זיך אזוי,
אט־אט־די מאדנע שעה'ן!
אי, ווי ס'האָרן און זיי קלאפּט זיך!
אי, ווי קירן זייערע זייערע וואנסן!
שא!
נאך איך יאגט מען זיך דאך ניט?

איז א ביסעטשקע צוריק,
די שעה'ן לויפן, ווי די רייטער,
זיי פליען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער טאג איז געווען א דונער פון היכל,
א צעטרייסלונג פון אלע יסודות.
מען האט געזען, ווי ארויס איז פון שטיב
דער אינספעקטאר — און א בארד.
— זיך אפגעגאלט! איף ערן־ווארט!
טויזנט ווערטער!

און געאכטעטעט אין קישיניאוו
האט גאנץ קישיניאוו.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויך הינטלעך קענען וויינען, קלאגן,
וויינען, אזוי ווי מיר.

נו, פרובט זיי, מירן זאגן א פיסל
א קלאפ טאן, פארקריעטשן.

יא, ס׳פאסירט: א הינטל צעוויינט זיך,
איז וואס־זשע טבל־שבן א מענטש?
און א סך הייסע געפליסט האט
ביטער, זאלציקע טייכן.

טרער פאר אייג איז נים לטובה.
און דער מענטש האט געזאגט: — גרני!
צוזאמען האט אינטפעקטאר פארלארן
אי זיין בארד,
אי די ווייב.

כאטש די ווייב נים אינגאנצן פארלארן
נאר די הון איז געווארן נים די.
נו, מירן זאגן,
געווארן איז זיין קאטיא
א הון און און עק.

דאס גליק איז שפילעוודיק!
א משוגעת איז גליק!
געווארט האט ער געדולדיק:
— געווים ס׳וועט קומען צוריק.

נאר. . . אף דעם אייז, אף דעם הוילן
ווארעמט לאנג נישט א רויך,
האט ער דעם קאפ אראפגעלאזן,
האט ער דעם קאפ אן א בארד.

אזוי, ענטגילטיק צוּבראכן,
שעמעוודיק, ווי נאך קיינמאל,
דער אינספעקטאר אוועק איז צום שניידער,
כדי צו זאגן
„יא".

. . . . . . . . . . . . . . . . .
א קליינער, א שיטערער טישל
(א פיסל א מאל איז געווען),
זיצט דער אינספעקטאר און „שטעכט" דארט
„לויפיקע ענינים".

שווער דעם סעקרעטארנס וועג:
ווערטער ערנסטע א סך!
פאפירן ערנסטע אזוי פיל —
אף יעדן: בלאך, באבראוו.

יעדער טריט אונטער קאנטראל איז,
קאמיסיע נאר וואס געווען. . .
זיצט דער אינספעקטאר און „שטעכט" דארט
„לויפיקע ענינים".

און שטיל ער חלומט, ניט קיין סך
(וואס־זשע איז אים געבליבן מער?):
ווי קומט מען אריין קיין פוילן
און ניט
אין טורמע.

בכלל וועגן פאקוס

וואס באטייט: עס וויל א מענטש?
פונקט ס׳וואלט אפהיינגען פון מענטשן!
מיר אלע ווילן פון אייביק אן
מיר ווילן
גאלדענע טייכן.

אלע ווילן צוקער. כלומרשט,
און ס׳באקומט זיך עפעס אנדערש;
יא, אויב דיר ווילט זיך
לאכן, —
ווערסטו באשטימט
וויינען.

נאר גיט מיר לעבן!... —
א נייער דור —
אן אנדער פרנס,
אן אנדער דאך, —

און דער זעלביקער מענטש
וועט אייך זיין
אף א קאפ העכער.

— פאר פויגלען איז דער עיקר די נעסט.
— אונטער דער זון לייכט א יעדער ווינקל.
אט מאטעלע, „פון" און „ביז"
זיצט אין א בייזן
קאבינעט.

זיצט ווי דער סאמע ערשטער מענטש!
און „ניט, איז ניט", וועט איר דא ניט הערן.
דער פאקום? דער סוד? . . .
דער נייער דור —
אן אנדער פרעס,
אן אנדער דאך . . .

א־א־א, די צייט!
שלעכט . . . גוט,
זי דרייט אזוי און אנדערש אויך.

און אויב פאר נייע
געקומען די צייט,
איז, הייסט עס, פאר אלטע —
צייט צו שטארבן . . .

לוויהדיקס

א צימער... ס׳איז שטיל... שטויביק.
א צימער... אוונט... בלא.
ס׳דינקעט
דער וועקער —
דין...
דין...
דין...

שעה פון טויט — זי קומט אן
שטיל־שטיל, וועסט ניט דערהערן.
און שטיל גייט אוועק דאס גליק.
און ס׳גייען אוועק
די מייז.

בלויז דער אומגליק איז באשטענדיק.
פארזשאווערט דער פסחדיקער טשאיניק.
און ס׳פארטראכטן זיך די ווענט.
און —
א שווייגן.

ר׳וועט פארשנייען, ר׳וועט פארשטורעמען. —
אין האלבער נאכט דער בלאנדער ווינט.
ס׳איז אינגאנצן איצט ניט נויטיק
ניט קיין גמרא,
ניט קיין הייזן.

שטיל. דער חושך דרינגט אריין.
ניט קיין תפילה, ניט קיין עסן...
זאל זיין, לויטן נייעם, ישעיה,
זאל דער טיש דיר דינען.

און נאכדעם — צו אנדערע לענדער:
ניט אנדערש, דווקא — אין גן־עדן...

שטיל!
די ליכט דערברענען.
שטיל!
שרה וויינט...

א־א־א, א צייט!
שלעכט... גוט,
זי דרייט אזוי און אנדערש אויך.

און אויב פאר נייע
געקומען די צייט,
איז, הייסט עס, פאר אלטע —
צייט צו שטארבן...

יא, אויב פאר נייע געקומען די צייט,
איז, הייסט עס — פאר אלטע
פערטיג...

## א נאָכוואָרט

בּיז קראקע איז פינקטלעך פערציג,
און בּיז ווארשע איז פערציג.
נאר בּעסער פאר יעדער שטאט,
איז די געבּארן שטאט.

צי מיט פּאלאצן צעבּרעכן
קען מען קליינע, פארלאטעטע, —
ווייסט איר? — הייזלעך,
וואו מ'האט געלאכט און געוויינט?

אט האט איר ווייניק מערער...
יעדערן זיין משיח,
דעם אינספעקטאר איז נויטיק פוילן,
דעם שניידער — רוסלאנד.

וויפיל מיט איר שוין דורכגעגאנגען,
וויפיל נאך וועט מען דורכגיין,
ליבּע, ליכטיקע היימלאנד!
פריי באפרייטע היימלאנד!

ערגער איז גאלד פון קופּער,
אויב צוטרוי מ'האט צו די הענט...
און מאטעלע
— וועט ניט פארן
אַפילו
קיין אמעריקע.

ניין, ניט אומזיסט האט ער געשפּרייזט
אין פּוס מיטן אומרואיקן דור.
זאָל זיין — ער איז ניט קיין קאמיסאר
וועט גענוג זיין, אז —
א מע־נטש!

מען קען אויך אן גאלאפּן
אנקומען צו אן ארט:
און מאטעלע וועט פארשטאפּן
אונזערע לעבער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
ליבע, ליכטיקע היימלאנד!
פריי באפרייטע היימלאנד!
וויפיל מיט איר איז מען שוין דורכגעגאנגען,
וויפיל מיט איר וועט מען נאך דורכגיין.

1924-25
מאסקווע-אירקוטסק.

איבערזעצט
מ. קיטאי.

פארלאג „אונזער צוקונפט"

האט ארויסגעגעבן די באקאנטע פאעמע
פאר קינדער

# „קראקאדיל"

פון קארני טשוקאווסקי

איליוס. ש. שמעלקאן.



אויך דריקט זיך:

# „אינגל און מיידל"

פון ד־ר מ. האדאן

איליוס. יודל מארק.

(חברישע שמועסן וועגן די
געשלעכטס־פראגן)

IZDEVN „UNZER ZUKUNFT"
RĪGA, ASPAZIJAS BULV. 7. TALR. 22...